# א דין תורה מיט א קלאָץ

מעשהלע פון ישראל רובין.

צווייטע אויפלאגע.

№ 8

פאַרלאַג „קולטור־ליגע“ ביאַליסטאָק

1921.




— № 8 —

# SPRAWA z BELKEM

Powieść

Izraela Rubina

Wydawnictwo
„Kulturalno-Oświatowe"
w Białymstoku.

Drukarnia Miszondznika Białystok
Lipowa № 25.

## [illegible]

ערגעץ אין אַ תבואה-פעלד, ניט ווייט פון אַ גאָלדענעם פּרוכטגאָרטן און אַ געשלענגלט טייכל מיט גרינע ברעגעס, האָט זיך שטיל און גליקלעך געלעבט אַ בכבודיקע מייזן-משפחה.

די משפחה איז געווען ניט קיין גרויסע, ניט ווי אַלע ארומיקע, שכנישע משפחות, וועלכע האָבן געציילט אַ סך צענדליקער מיטגלידער; זי איז סך-הכל באַשטאַנען פון אַ פאָטער, וואָס האָט געהייסן רב מייזליש-נאַשמעקער, פון אַ מאַמען, וואָס איר נאָמען איז געווען מייזליכע-שאַרפציינדל, און אַ טעכטערל, אַ בת יחידקע, מיזעלע-מאַזעלע, שרעטעלע-ברעקעלע, מיטן לאַנג-עקעלע.

מייזליכע-שאַרפציינדל האָט אפילו פריער געהאַט אריינגעבראַכט איר מאַן רב מייזליש-נאַשמעקער מער קינדער. זי האָט אים געבוירן די גרעסטע צאָל קינדערלעך, וואָס אַ מויז קען געבוירן. גאַנצע 21 קליינינקע מייזעלעך. זיי אַלעמען איז אָבער ניט

באַשערט געווען אויסצוּלעבן די יאָרן. אַ סך זיינען אַריינגעפאַלן אין די לאַפּעס פון די פארשיידענע מיין-שונאים; וואַנדער-קעץ, קראָען, סאָוועס און הינט; אַ סך זיינען אליין אויסגעשטאָרבן פון פאַרשיידענע קראַנקהייטן. געבליבן איז נאָר די קליינע איין-איינציקע מיזעלע-מאַזעלע, שרעטעלע-ברעקעלע, מיטן לאַנג-עקעלע.

און די בת יחידקע איז געווען די טרויסט פון אירע עלטערן.

האָט דידאָזיקע משפּחה געשמט איבער דער גאנצער אַרומיקער מיין-געמיינדע מיט איר הדרת-פּנים, יחוס און רייכקייט.

סיי רב מיזליש-נאָזשמעקער און זיין ווייב מיזליכע-שאַרפציינדל, סיי זייער טעכטערל מיזעלע-מאַזעלע, שרעטעלע-ברעקעלע, מיטן לאַנג-עקעלע, האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט זייער שיינעם אויסזען. דער טאַטע און די מאַמע האָבן פאַרמאָגט שאַרפע בערדעלעך, גרוי-שווארצע אייגעלעך, טיף-אויסגע-בויגענע, מיט שיטערע האָר באַדעקטע אויערן, לאַנגע, דינע ווידעלעך, קליינע פיסעלעך מיט דינע איידעלע פינף-פינגערדיקע לאַפּקעס און קורצע ווייסע פוטער-

פעלכלעך. זיי זיינען געווען זייער שיין מיט דער דרייפארביקייט פון זייערע קערפערלעך: דער אויבערשטער טייל — פון געלבלעך־אש־קאליר און דער אונטערשטער מיט די פיסלעך—ווייס און קלאר, ווי שניי.

מיזעלע־מאזעלע, שרעטעלע־ברעקעלע, מיטן לאנג־עקעלע, איז גלייך נאכן געבוירן ווערן געווען קליין, ווי א מאי־זשוקל, אינגאנצן נאקעט און כמעט דורכזיכטיק. נאר זי האט זיך זייער גיך, ממש צו באוואונדערן ווי גיך, אנטוויקלט. איר גיכע אנטוויקלונג האט אירע עלטערן פארגעניגן פארשאפט און א ביסל געמאכט פארגעסן זייער טרויער נאך די פארלארענע איבעריקע קינדערלעך. אינגאנצן אין אכט טעג איז מיזעלע־מאזעלע פון א רויטע פארזעעניש גאנץ ווייס געווארן. צו צוויי וואכן האט זי אנגעהויבן זען און אין דריי וואכן האט זי שוין געהאט די גרויס פון אן אמתע מויז, כמעט דעם וווקס פון איר מאמען און איז שוין אויף דער פרייער וועלט ארויס. מיזעלע־מאזעלע וואלט אפילו צו דריי וואכן אוועק נאך שפייז אליין. נאר איר מאמע, מײזליכע־שארפ־ציינדל, האט מורא געהאט, איר מיזעלע־מאזעלע, זאל, חלילה, ניט אריינפאלן אין די לאפעס פון די

שרעקלעכע מײַזן־שונאים. פּלעגט זי איר אָננעמען אין מויל און צוריק אין נאָרע אַרײַננעמען.

אַחוץ זײער שײנקײַט האָט נאָך אָבער די קלײנע משפּחה פון גרויסן יחוס געשטאַמט. רב מײַזליש־נאָזשמעקער איז געװאָקסן פון זײער א חשובע פאַמיליע, װאָס איז געװען אײנגעטונקט אין גדולה. זײַנע עלטער־עלטער־זײדעס — אין די פּאַרצײַטיקע דורות, װי ס׳איז געװען פאַרשריבן אין גרויסן מײַזן־פּנקס, האָבן געהערט צו די באַװוּסטע שטאַרקע פּאצוקעס, אַזש פון אינדיע און פּערסיע. דאָס האָבן זײ טאַקע פאַר די ערשטע פאָר לאַנגע ים־נסיעות זיך גענומען אוןָ װי אמתע מאַטראָסן, איבערגעשװוּמען די גרעסטע טײַכן. זײ האָבן דאמאָלסט געטראָגן דעם נאָמען „קאַספּישע מײַז״. פאַר זײ האָבן ניט נאָר די איבעריקע מײַז, נאָר אפילו די קעץ געציטערט. דאָס האָבן זײ זיך געקענט ערלויבן אין מיטן העלן טאָג מיט זײערע קינדערלעך אין פערדלעך שפּילן און דווקא איבערן טײַך, האַלטנדיק אײנע די אַנדערע מיט די צײנדלעך פאַר די עקלעך.

רב מײַזליש־נאָזשמעקערס פאָטער און זײדע זײַנען כּמה וכּמה דורות געװען די שענסטע באַלע־באַטים אין דער געמײנדע. מיט זײ פלעגן זיך אַלע

מײַז עצות האַלטן. ווען ס׳פֿלעגט אַמאָל זײַן אַ סכסוך צוליב אַ חלוקה מיט געפֿונענע קערנדלעך, אָדער אַז מ׳פֿלעגט זיך ניט קענען אײַנטײַלן מיט די מעל, וואָס מ׳פֿלעגט אַרויסקריגן פֿון אַ דורכגעלעכערטן זאַק אויפֿן נאָענטן ווינט-מיל,—פֿלעגט שוין זײַן אַ חזקה, אַז רב מײַזליש-נאָזשמעקערס טאַטע און זיידע דאַרפֿן די דין-תּורה פּסקענען.

און אַן עלטער-זיידע האָט רב מײַזליש-נאָז-שמעקער געהאַט גאָר אַ פּאַר. מיט אים האָט זיך גרויס געהאַלטן די גאַנצע געמיינדע און דערציילט נאָך עד-היום וועגן אים ניסים ונפֿלאות.

דאָס איז געווען דער באַוווסטער רב שטשור אַליין, וועלכער האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זײַן שטאַרקייט. נאָך הײַנט, דערציילט מען, ווי אַזוי ער האָט אַמאָל, אַרײַנפֿאַלנדיק אין די לאַפּעס פֿון זײַן בלוט-שונא, דער קאַץ, זיך ניט אונטערגעגעבן און האָט, אָנכאַפּנדיק דער קאַץ פֿאַרן עק מיט זײַנע שאַרפֿע ציין, אַ שטיק צײַט אַרומגעשלעפּט אַרום און אַרום און געדרייט זיך מיט איר אין אַ קאַראַהאָד, ביז וואַנען זי איז קוים מיט דער נשמה אַנטלאָפֿן. דאָס איז דער זעלבער רב שטשור, וואָס האָט אַמאָל געגעבן אַן עצה אָנצוטאָן אַ גלעקל דער קאַץ,

וועלכער פלעגט אנפירן שטענדיק מיט די מייז-יאַגדן אויף די פעלד-פּרוכטן, אויף די באַטעמטע ברויט און אַרבעס.

אויך דערציילט מען, ווי אזוי רב שטשור האָט אַמאָל געראַטעוועט די גאַנצע מייזלשע געמיינדע. עס האָט דאַמאָלסט געטראָפן ביי זיי אַן אומגליק. עס האָבן זיך באַוויזן צו פיל בלוטיקע שונאים: קראָען און סאָוועס. ביי די מייז איז דאָך א מנהג אַז אין אַ צייט פון אַ סכנה פאַרלאָזן זיי זייערע ערטער. האָבן זיי זיך אויך דאַמאָלסט אַוועקגעלאָזן אַין גלות. האָט זיי געפירט און די וועג געוויזן רב מייזליש עלטער-זיידע, רב שטשור. ווען די סכנה איז אַריבער, האָט ער זיי צוריק געבראַכט בשלום א היים.

דער יחוס פון דער מאַמען, מייזליכע-שאַרפ-ציינדל, איז אויך ניט געווען קיין קליינער. זי האָט געשטאַמט פון דעם עלטסטן מין מייז, פון די אַלטע אבות, פון די „שוואַרצע".

איז דאָך, דאַכט זיך, אַזאַ מין הדרת-פנים און יחוס געענוג. קארגט אָבער ניט גאָט דעם, וועמען ער ווילט אויס. האָט ער אונזער קליינער משפחהלע

געשענקט אויך רײַכקײַט, און רב מײַזליש־נאָזשמעקערס משפּחהלע איז געווען די רײַכסטע אין דער גאַנצער געמײַנדע.

וואָס אַ שטײַגער האָט זיך אין רב מײַזלישס אָנגעגרײַטע שפּײַכלערס ניט געפונען!... עס איז געווען פון אַלץ, וואָס אַ מײַזן־מויל קען נאָר רײדן און אַ מײַזן־אויער קען נאָר הערן. שוין אָפּגערעדט וועגן געוויקסן, ווי קערנער, פּרוכטן, אויסגעגעסענע וואָרצלען און קאָרע, בלעטער, גראָז, נאָר אויך אפילו פלײש, פעטס, בלוט און מילך, פּוטער און קעז, הויט און בײנער. אַלץ, אַלץ האָט זיך בײַ רב מײַזליש־נאָזשמעקער געפונען.

רב מײַזליש פלעגט אַלע פרימאָרגן און פון האַלבע־נאַכט — די בעסטע צײַט פאַר יאַגד — זיך אַוועקלאָזן נאָך נײַע שפּײַז. און ניט ווײַל ער איז געווען להוט נאָך רײַכקײַט, נאָר ווײַל ער האָט זיך געוואָלט טרײסטן נאָכן טויט פון זײַנע אָרעמע קינדערלעך. זינט ס'האָט אים דער אומגליק געטראָפן איז ער געוואָרן באַזונדער בלוטדורשטיק און האָט אַלץ געזוכט נקמה צו נעמען.

און ער פלעגט ניט אַזוי פיל זוכן שפּײַז—דאָס

האָט ער דאָך געהאַט געננוג—ווי ער פלעגט בייסן און רייסן. צעשמעטערן מיט זיינע שאַרפע מעסער־ציינדלעך די וואָרצלען פון די איידלסטע בלומלעך און געוויקסן; דורכלעכערן די שטאַמען פון די ביימער; מאכן אַ תל פון די פרוכטן אין די גערטנער, מאַכן ממש אַ שפינוועבס פון די זעק, וואָס ער פלעגט געפינען אויפן נאָענטן ווינט־מיל; אריינכאַפּן זיך אין נאָענטן טייכל און דערשטיקן די קליינע פישלעך. אַלץ האָט ער געטאָן, כדי צו שטילן זיין נקמה־דורשט, כדי צו אָפּרעכענען זיך פאַר זיינע פריציייטיק־געשטאָרבענע קינדערלעך.

און וויל גרויס איז געווען זיין בענקשאַפט נאָך זיינע קינדערלעך, האָט ער טאַקע, צוזאַמען מיט זיין ווייב, מייזליכע־שאַרפציינדל, ווי אַן אויג אין קאָפּ, טייער געהאַלטן זיין איבערגעבליבענע בת־יחידקע, מיזעלע־מאַזעלע, שרעטעלע־ברעקעלע מיטן לאַנג־עקעלע.

זיי האָבן איר געצערטלט און געגלעט, האָבן איר קיין זאַך נישט אָפּגעזאָגט, ווייל זי איז געווען זייער גאַנצער נחת, זייער איינציקע פרייד.

און מיזעלע־מאַזעלע איז טאַקע געווען אַ

געראָטן קינד. איר געשיקטקייט און חכמה האָט גאָר
קיין גלייכן ניט געהאַט. זי פלעגט אַזוי שיין ארום-
שפרינגען איבער דער רייך צוגעקליבענער נאָרע,
פלעגט זיך אַזוי גיך קענען באַוועגן. זי האָט אפילו
געקענט אַזאַ זעלטענעם קונץ: שטיין אויף די
פעדערשטע לאַפּקעס ווי א מענטש, און אַזוי עטלעכע
שפרייזן מאַכן. פלעגט זי זיך צעשטיפן, פלעגט זי
ארויפשפרינגען דער מאַמען אויפן פלייצע און אַזוי
„סוס-באַראָן" ארומפאָרן איבער דער נאָרע. אַלע האָבן
פארויסגעזאָגט מיזעלע-מאַזעלען א גלענצנדיקע
צוקונפט. מ'האָט אפילו געווונטשן די עלטערן, זיי
זאָלן דערלעבן זען אין זייער מיזעלע-מאַזעלען, איר
עלטער-עלטער זיידנס, רב שטשורס, מעלות.

האָט זיך די קליינע משפחהלע געלעבט שטיל
און גליקלעך. פלעגט מען טאַקע פון זייער נארע
שטענדיק הערן זינגען פרייליכע „זמירות". יענעם
מייזן-קוויטשל, וואָס אַנדערע נעמען דאָס אפילו אָן,
פאַר אַ שוואַלבן-צוויטשערן, פאַר אַ סאלאָוויי טרעלן.
וואָרעם וואָס האָט זיי געפעלט? — זיי האָבן געהאַט
שענקייט, יחוס און רייכקייט.

זיינען רב מייזליש-נאָזשמעקער און זיין ווייב

מײַזליכע־שאַרפּצײַנדל טאַקע געווען צופרידן און האָבן שוין אפילו גענומען פאַרגעסן אָן זײערע פּרי־ציַיטיק־געשטאָרבענע קינדערלעך. זײ האָבן נאָר געהאַט איין איינציקן פאַרלאַנג, וועגן וועלכן זײ פלעגן צווישן זיך שטילערהייט שמועסן דאַמאָלסט, ווען מיזעלע־מאַזעלע, איז זיך אין איר בעטעלע אויף פעדערלעך, צוויַיגעלעך און ניס־קאָרקעס געשלאָפן: —„ווען מיר וואָלטן נחת דערלעבט פון אונזער בת־יחידקע, ווען מיר וואָלטן דערלעבט אונזער טעכטערל אויסגעבן פאַר אַ לייטישן מאַן!—

און ווען ס׳איז געקומען די צײַט מיזעלע־מאַזעלען שידוכים צו ריידן, האָט טאַקע רב מײַזליש־נאָזשמעקער קײַן טרחה ניט געזשאַלעוועט.

ער האָט צושיקט שלוחים און שדכנים איבער אַלע ווײַטסטע מײַזן־לעכער און האָט זײ אַזוי געזאָגט:—איך דאַרף קײַן רײַכקײַט ניט, וואָרעם וויפיל לעבט עס אַ מויז, און קבר ארײַן וועל איך מײַנע אוצרות סײַ ווי סײַ ניט נעמען. איך וועל אַלץ אַוועקגעבן און נדן מײַן איינציק־טעכטערל. כ׳דאַרף נאָר מײַן איידעם זאָל זײַן א געשיקטע, געניבטע מויז פון אַ שיינער משפחה און ער זאָל קענען ערלעך האַלטן מײַן מיזעלע־מאַזעלען!

און ס׳האָט אנגעהויבן טומלען אין אַלע מיַיזן־געמיינדעס. אומעטום האָט מען גערעדט וועגן רייַכן שידוך. אַלע האָבן געזוכט אַ חתן פאַר מיזעלע־מאַזעלען.

די סך שלוחים און שדכנים האָבן זיך צולאָזן איבער דער וועלט, האבן ניט איבערגעהיפּט קיין איין קעלער און בוידעם, קיין איין שפּיזאַרניע און תבואה־פעלד. אַ סך פון זיי זיינען אפילו אין די וויַיטסטע פעלדער פארקראָכן: אַ קלייניקייט! מיזעלע־מאַזעלע דארף חתונה האָבן!

און דאָס זוכן איז ניט אומזיסט געווען.

ס׳האָט זיך טאַקע אויסגעפונען א חתן—אַ פּאר. אין אַ בוידעם פון אַ פּילשטאָקיקן הויכן אָרט, א חתן אַן אנטיק, מיט אַלע מעלות, אויף אַלע לייטישע מייַזן־כלות געזאָגט געוואָרן!

און דאָ הייבט זיך ערשט אָן דער אמתער טאַראַראַם.

רב מייַזליש נאָז־שמעקער האָט געזאָגט און זיין וויַיב, מייַזליכע־שאַרפציינדל, האָט צו דעם צוגעשטימט: „אויב עס איז שוין באַשערט, אז מיר זאָלן דערלעבן נחת פון דער בת־יחידקע, וועלן מיר

שוין איינאָרדנען אַזאַ מין חתונה, אז די וועלט וועט מיט אונז קלינגען!—

און מען האָט זיך אָנגעהויבן גרייטן צו דער חתונה.

עס איז איינגעשאַפן געוואָרן שפייז פון דאָס בעסטע און שענסטע, מ׳האָט איינגעלאדן סארווערס און קלעזמערס, מ׳האָט ניט פארגעסן אפילו שטעלן טישן באַזונדער פאַר ארעמע לייט, פאר די אויסגעהונגערטע איינזאַמע מייז, וועלכע האבן זיך וועגן דער רייכער חתונה דערוווסט, און גענומען ציען זיך צו אירע מחנותוויַיז.

און די גליקלעכע שעה איז געקומען.

אין דער צוגעקליבענער, אויסגעפוצטער נאָרע, זיינען פיל געסט און מחותנים געקומען, דער כבוד איז געווען גרויס. מ׳האָט דער כלה מיזעלע-מאַזעלע באַזעצט, אַלע האָבן געטאַנצט און געשפרונגען, אַלע האָבן זיך משמח געווען.

און רב מייזליש-נאָזשמעקער מיט זיין ווייב, מייזליכע-שארפציינדל, זיינען גאָר געווען אויסער זיך פאַר פרייד און האָבן די געסט מכבד געווען מכל טוב.

ווען מ׳האָט זיך אומגעקערט פון דער חופה

מיט גרויס פאראד, האָט די מאמע מײַזליכע־שאַרפ־ציינדל באַגעגנט די יונגע פּאָר מיט אַ גאַנצן קוילעטש און מיט אַ פרייליכן כשר־טאַנץ.

און ס׳האָט זיך אָנגעהויבן אַ סדרה דרשה־געשאַנק.

דער טאַטע רב מייזליש־נאָזשמעקער האָט דער ערשטער מודיע געווען:

—כ׳שענק די יונגע פּאָר מײַנע אַלע אוצרות מיט שפּײַז—

האָבן דאָס אונטערגעכאַפּט די מהותנים.

איינער האָט אַוועקגעשענקט די נאָענטע ווינט־מיל. דער אנדערער—די גאַנצע קרויט אין שכנישן גאָרטן. דער דריטער—די מילך אין פאַכט, דער פערטער—די שמאַלץ פון קעלער.

ס׳האָבן זיך געפונען אויך אַזעלכע מײַז־מחותנים, וואָס קענען, ווי דער בעל־שמחה רב מײַזליש אַליין, גרונטעווען אין וואַסער, און האָבן דער יונגער פּאָר אַוועקגעשענקט די געשמאקע קליינע פישלעך פון נאָענטן טײַכל.

און ווען די שמחה איז געווען אין רעכטן ברען, האָט פלוצלונג געטראָפן עפּעס אויסטערלישעס. ס׳האָט מיט אמאָל דער חתונה־זאַל אָנגעהויבן ציטערן.

אַלץ האָט אָנגעהויבן צו טרייסלען, ווי אין אַ ערד-ציטערניש.

וואָס זאָל דאָס באַטייטן?

מ'האָט אפילו געהערט פון אויבן קלעפּ, נאָר קיינער האָט אויף דעם קיין אַכט ניט געלייגט. מ'האָט, פאַרקערט, געמיינט אַז דאָס איז די אַרבעט פון די קלעזמער, וואָס דאַרפן משמח זיין דעם עולם. ס'האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן, אַז די דאָזיקע קלעפּ זיינען געווען די פאַרויסזאָגער פון אַן אומגליק. און דער אומגליק איז געווען אַ שרעקלעכער.

ס'האָט זיך מיט אַמאָל אין זאַל אַריינגעריסן עפּעס אַ שאַרפע קלאַץ, האָט פון אַלץ אַ תל געמאַכט, האָט די גאַנצע נאַרע איבערגעקערט, ס'האָט זיך דערהערט אַ שרעקלעכער יאָמער פון אַלע זייטן...

און ווען דער טאַטע, רב מייזליש-נאָזשמעקער, איז צו זיך געקומען, האָט ער ערשט אָנגעהויבן באַטראַכטן וואָס ס'איז פאָרגעקומען.

מיט די לעצטע כּוחות איז ער צוגעקראָכן צו דעם אָרט, אַוווּ ס'האָט זיין נאָרע געדאַרפט זיין, און פאַר זיינע אויגן האָט זיך פאָרגעשטעלט אַ שרעקלעכער בילד.

זיין ווייב, מייזליכע-שאַרפצייגדל, ליגט אַ

צעדריקטע לעבן דער טויטער כלה, ארום וואלגערן זיך די מחותנים, דערהרגעטע, צעבלוטיקטע.

און אינמיטן נארע א שארף פון א דיקן קלאָץ.

—דאָס איז מײַן מלאך המות!—האָט רב מייזליש־נאָזשמעקער אויסגעשריִען.—וואָס האָסטו פון מיר געוואָלט? צו בין איך שוין ווייניק געשטראָפט פון גאָט? מײַנע קינדער זײַנען אַלע יונגערהייט אויסגעשטאָרבן. איז מיר געבליבן מײַן איינציק טרייסט, מײַן מיזעלע־מאזעלע. האָב איך אין איר שוין נחת דערלעבט. ביסטו געקומען, די שלעכטע קלאָץ, און האָסט מיר אַלץ צעשטערט, פון מײַן שמחה אַ טרויער געמאַכט. פאַרוואָס?

און רב מײַזליש האָט פאַרצווייפלט אויס־געשריען:

—ס׳מוז דאָך זיין אַ יושר אויף דער וועלט. כ׳רוף דיר קלאָץ, צו אַ דין־תורה!—

האָט געטראַכט אַ ביסל די קלאָץ און האָט רב מייזלישן געענטפערט:

—אומזיסט, רב מייזליש, ביסטו אויף מיר אויפגערעגט. כ׳בין אין דײַן אומגליק ניט שולדיק. אמת, כ׳וואָלט דיר געקענט זאָגן, אַז איך האָב שוי

מיט דיר אַלטע חשבונות. דו מיט דײַנע עלטערן האָבן שוין לאַנג צעלעכערט דעם בוים-שטאַם פון וועלכן איך וואקס, איר האָט אונזער חיות ארויס-געצויגן, נאָר איך האַלט ניט קײַן שנאה. כ׳האָב אויף דיר קײַן אומגליק ניט געוואָלט ברענגען. שולדיק איז גאָר די בייזע, שאַרפע רוצחטע— די האק—זי האָט מיך ארומגעהאקט, ביי מיר אַ שפיץ געמאַכט, איבער מײַן קאָפּ געשלאָגן און אין דר׳ערד ארײַנגעהאַקט, אַקוראט, ווו דײַן נאָרע איז... דער טײַוול ווייס, הלמאי זי האָט דאָס געטאָן. אויב דו ווילסט אַ דין-תורה האָבן, מוזטו עס האָבן ניט מיט מיר, נאָר מיט דער אײַזערנער האַק. און מיין ניט, רב מייזליש, אז נאָר דו ביסט אומגליקלעך. מיין ניט, אַז מײַן גורל איז אַ בעסערער. כ׳האָב אויך אַ לאַנגע און טרויעריקע געשיכטע. איך האָב אויך טענות צו דער שלעכטער האַק. די האַק—זי איז אונזער ביידנס מלאך-המוות.

כ׳האָב זיך פיל יאָרן גליקלעך געלעבט אין מיין היים צווישן מײַנע ברידער-צווײַגן, ביי מײַן פאָטער-שטאַם און מוטער-וואָרצל. מײַן הויז איז געווען אין אַ גרויסן גרינעם וואַלד. ארומגערינגלט פון ביימער מכל המינים, האָב איך געטראַכט, אַז

די וועלט איז מײַנע. עסן האָב איך געהאַט פון דאָס שענסטע און בעסטע. די ערד פליעגט דורך די וואָרצלען ברענגען מיר און מײַנע ברידער די בעסטע זאַפטן און יניקה, פון דער לופט האָבן מיר דאָס בעסטע אַרײַנגעאָטעמט. די זון האָט געבאַקט איבער אונזער קאָפּ. אַ ווײכער ווינטעלע האָט אונז אָפּגעפרישט.

און פרײלעך איז בײַ אונז געווען.

די בלעטעלעך און צווײַגעלעך האָבן זיך געשושקעט און געשטיפט. פײגעלעך מכל המינים פליען אויף אונז זײערע נעסטן מאַכן, און פליען דעם וואַלד פאַרהילכן מיט זײערע וווּנדערשײנע קולות און טרעלן.

פליען בינען און זומערפײגעלעך פון אַלערלײ קאָלירן אונז אינדערפרי „גוט מאָרגן” זאָגן און אַ גאַנצן טאָג מיט אונז זיך חברן.

זומער פליען קינדערלעך, פרײלעכע, שטיפנ־דיקע קינדערלעך, צו אונז צו גאַסט קומען און שפּילן זיך אין אונזער קילן שאָטן.

און אין אָוונט פליען מיר גליקלעכע אײַנ־דרימלען פון דעם גאַנצן לוסטיקן טאָג.

ווען ס׳פליעגט שוין אפילו דער קאַלטער

ווינטער אָנקומען און איינהילן דעם וואַלד אין ווייסן, פֿליען מיר אײנע מיט די אַנדערע שטיל זיך דורכ-שמועסן וועגן דעם גוטן זומער, וואָס איז אַריבער, וועגן פֿרילינג, וואָס וואַרט אויף אונז, וועגן די טייערע פֿייגל-געסט, וואָס דאַרפֿן צו אונז קומען, מיט גרוסן פֿון די ווייטע, וואַרעמע לענדער.

וואָס האָט מיר דען געפֿעלט?

דאָס לעבן איז דאָך פֿאַר מיר אַ גן-עדן גע-ווען!

קומט אָבער אַמאָל די שרעקלעך-שלעכטע האַק, פֿאַרמעסט זיך אויף דעם בוים, פֿון וועלכן איך בין אַ טייל געווען, און הייבט אָן איר מיאוסע מלאכה. אַ סוף און אַ האַק, אַ סוף און אַ האַק. וואָס? עס שטאַרבן ביי אונז אָפּ די גלידער. מיר זעגענען זיך אין גסיסה מיט אונזער גוטן, פֿרייען וואַלד, מיט אונזערע ברידער-ביימער, וועלכע באַדויערן אונז און מאַכן אויף אונז אַ הספּד, מיר זאָגן „זייט געזונט" אויף אייביק די טרייע פֿייגעלעך, בינעלעך, קינדער-לעך, מיר ווערן אַוועקגעשלעפּט אומברחמנותדיק צום פֿויער אין שטאַל און מיר ווערן פֿון לעבעדיקע טיילן פֿון אַ לעבעדיקן בוים אין שטומע, טויטע קלעצער פֿאַרוואַנדלט...

דאָס האָסטו רב מײַזליש, אין קורצן מיי טרויעריקע געשיכטע.

זעסט, אז מײַן אומגליק איז ניט קלענער פאַר דײַנעם? זעסט, אַז אונזער ביידנס שונא איז די זעלביקע האק. לאָמיר זשע ביידע די האַק צו אַ דין־תּורה אויפפאָדערן.

האָט זיך רב מײַזליש־נאָזשמעקער פארטראַכט און א זאָג געטאָן צו זיך:

—ב'האָב די קלאָץ צו דין־תּורה גערופן. ס'איז דאָך טאַקע אמת, אַז זי איז ניט שולדיק. שולדיק איז טאַקע די האַק, די שלעכטע פויערשע האַק.

און רב מײַזליש צוזעגנט זיך מיטן קלאָץ, זאָגט איר צו אויך איר קריוודע אויפמאָנען בײַ דער האַק, און גייט זיך אַוועק זוכן דעם נײַעם בעל־דין.

שפּרינגט אַזוי רב מײַזליש, שפּרינגט דורך פעלדער און וועלדער, ביז ער קומט צום פויערס שײַער, געפינט ער דאָרטן אַ שפּעלטל אין טיר און טאַנצט אריין גלײַך צו דער האַק. די האַק איז זיך אויף אַ שטענגל געהאַנגען און האָט אפּנים אָפּ־גערוט פון דער אַרבעט.

און עס גלאַנצט אַזוי דער שטאָלענער שאַרף פון דער אײַזערנער האַק און די זון־שטראַלן שפּיגלען

זיך אין אים אָפּ, ווי אין די אויגן פון אַ מלאך-המוות.

דערשרעקט זיך רב מײַזליש, שטייט אַ ביסל פון דערווייַטנס און טוט צום סוף אַ טראַכט:

—ס'קען דאָך שוין ערגער ניט זײַן!—

און ער שטאַרקט זיך, גיט אַ פּיסק און טוט אַ זאָג צו דער האַק בזו הלשון:

—דו שלעכטע האַק, איך רוף דיר אין מײַן נאָמען און אין נאָמען פון דער אָרעמער קלאָץ, צו אַ דין-תּורה!—

קערט זיך אָפּ די האַק פאַרוווּנדערט, דערזעט רב מײַזלישן און טוט אַ פרעג:

—וואָס פאַר אַ דין-תּורה האָסטו מיט מיר? איך זע דאָך דיך צום ערשטן מאָל!—

ווערט שוין רב מײַזליש אין כּעס און גיסט אויס זײַן גאַנצע האַרץ, דערציילט, ווי אַזוי, זי, די האַק האָט זײַן שמחה צו טרויער פאַרוואַנדלט, ווי אַזוי זי האָט אויף אים די קלאָץ אָנגעשיקט און האָט אים אומגליקלעך געמאַכט.

הערט אים אויס די האַק און טוט ביטער אַ שמייכל:

— ניט מיך, רב מײַזליש, דאַרפסטו צו אַ

דין־תורה רופן. איך בין גאָרניט שולדיק אין דיין אומגליק. שולדיק אין דיין אומגליק איז דער שאַכטע־אַרבעטער און דער שמיד, וואָס האָבן מיך אויך אומגליקלעך געמאַכט. נאָר זיי זיינען אונזערע ביידנס מלאכי־מוות.

ווערט דאָך רב מײַזליש פאַרגאַפט.

דערציילט אים ווייטער די האַק:

—מיין ניט, אַז דו ביסט אַליין אומגליקלעך, איך האָב אויך אַ לאַנגע און טרויעריקע געשיכטע.

ניט אַלע מאָל בין איך אַ האַק געווען, כ׳וואַקס גאָר פון ווייטע, ווייטע קאַנטן. מיין אָרט איז אין אַ גרויסן, ריזיקן באַרג, אין אַ געגנט וואָס הייסט אוראַל.

איך האָב זיך גליקלעך געלעבט צווישן מיינע ברידער און האָב לאַנגע, לאַנגע טויזנטער יאָרן פון קיין צער ניט געוווּסט.

איך בין געווען אַ טייל פון אַ גרויסער, ריזי־קער משפחה, וואָס האָט פיינט איינזאַמקייט און לעבט נאָר בחברותא, שטאַרק צונויפגעקניפּט מיט אירע שכנים. מיין שטאַם, וואָס הייסט, אייגנטלעך, אייזן, איז דער פאַרשפּרייטסטער שטאַם אויף דער וועלט, ס׳איז ניטאָ כמעט קיין אָרט וווּ אונזער אייזן זאָל זיך ניט געפינען. ניט נאָר אויף דער יבשה, ווו אייזן

געפינט זיך אין בערג, אין די שיכטן פון דער ערד,
און די גרינע צווייגן און בלעטער פון דיביימער,
אין דער בלוט פון מענטשן און חיות, נאָר אויך
אין די וואַסערן פון די ימען און טייכן און קוואַלן.
ווען ס'פעלט אייזן אין די שיכטן פון דער ערד,
קענען קיין געוויקסן ניט זיין, ווען ס'פעלט אייזן
אין בלוט פון אַ מענטש אָדער אַ חיה, מוזן זיי
שוואַך זיין און שטאַרבן פאַר דער צייט.

אייזן איז דא אויך אין דער הויך. גאַנץ אָפט
פאַלן פון הימל גאַנצע שטיינער פון אייזן, דאָס
זיינען די אַזוי גערופענע פאַלנדיקע שטערן.
ווי דו זעסט רב מייזליש, פאַרנעמען מיר אַ
גרויסן אָרט אין דער וועלט!

און דער עיקר איז, וואָס מיר, אייזן, האָבן
פיינט צו זיין אַליין. שטענדיק לעבן מיר צוזאַמען
מיט אונזערע נאָענטע שכנים. טרעפט אז מיר לעבן
צוזאַמען מיט שוועבל און האָבן אַן אויסזען פון
גרויל־געלע שטיקער, אַמאָל לעבן מיר אין שכנות
מיט פייכטקייט און דאַמאָלסט קריגן מיר אַן אויסזען
אַ ברוינעם, אַמאָל אויך בינדן מיר זיך צונויף מיט
מאַגניט, אָט יענער מאַגניט, מיט וועלכן קינדער
האָבן ליב צו שפּילן, צוציען שטאָלענע פעדערס,

קנעפּלעך און אַנדערע זאַכן.

איך, רב מײזליש, האָב זיך אויך געלעבט לאַנגע-לאַנגע יאָרן צוזאַמען מיט אונזער גאַנצער משפּחה, אין אַ גרויסן באַרג, אין אַ נאָענטע שכנות מיט שוועבל, פֿײַכטקײַט און מאַגניט.

וואָס האָט מיר דען געפֿעלט?

מיר זײַנען זיך אַזוי געלעגן ענג צוגעטוליעט און וואַרעם געדרימלט.

מיט אַמאָל איז געקומען אונזער מלאך-המוות, דער שאַכטע-אַרבעטער, האָט אונז צעהאַקט און צעבּרעקלט, האָט אונז צעשײדט מיט אונזערע שכנים, און וועלכע ענויים מיר זײַנען אויסגעשטאַנען?—

מ'האָט אונז אין וואַסער געוואַשן, כּדי אײַנגאַנצן אָפּרײַסן אונז פֿון די ליבהאַרציקע שכנים, מען האָט אונז געלײַטערט און געבּרענט אין ריזיקע אויוונס, אין וועלכע עס פֿלאַמט אַ העלישער פֿײַער.

זײַנען מיר פֿאַרוואָגלט געוואָרן ווײַט-ווײַט פֿון אונזער אײגענער היים.

איז נאָך אונז ווײניק געווען, זײַנען מיר צום סוף, שוין אויסגערײניקטע און פֿון די שכנים אָפּ-געריסענע, אַרײַנגעפֿאַלן אין די הענט פֿון שוואַרצן שמיד.

דער שמיד האָט זיך גענומען מאַכן אונז צו לײַט. ער האָט אונז געלייגט אויפן פײַערדיקן בלאָז־זאַק און געברענט, ער האָט אונז געשלאָגן מיט זײַן שווערן האַמער, ביז פונקען זײַנען געפלויגן, ער האָט פון אונז אַרויסגעצויגן דעם לעצטן חיות און געמאַכט פון אונז אַקערס, העק, מעסערס.

זעסטו שוין, רב מײַזליש, אַז ניט איך בין שולדיק אין דײַן אומגליק, ווען ס׳וואָלט זיך אין מיר געווענדעט, וואָלט איך נאָך עד־היום געלעגן דאָרטן אין גרויסן באַרג, אין די אָרעמס פון מײַנע ליבּ־האַרציקע שכנים.

שולדיק אין דײַן אומגליק, שולדיק אויך אין מײַן אומגליק איז דער שאַכטע־אַרבעטער און דער שמיד.

זיי דאַרפסטו רופן צו אַ דין־תּורה.

הערט אויס רב מײַזליש נאָזשמעקער די גאַנצע טרויעריקע געשיכטע פון דער האַק, קריגט ער אויף איר רחמנות און זאָגט:

—זײַ מיר מוחל, דו אומגליקלעכע האַק, וואָס איך האָב דיר צו אַ דין־תּורה גערופן. דו ביסט טאַקע גאָרניט שולדיק. שולדיק איז דער שאַכטע־אַרבעטער און דער שמיד. נאָר איך וועל ניט שווײַגן.

איך וועל צו זיי גיין און מאָנען זיי צום דין. איך וועל פון זיי אויך דיין קריוודע פאָדערן. ס'מוז דאָך זיין גערעכטיקייט אויף דער וועלט!

זאָגט רב מײַזליש-נאָזשמעקער דער האק אַ „גוטן טאָג" און לאָזט זיך ווידער אין וועג. ער גייט זוכן די שולדיקע אין זיין אומגליק, דעם שלעכטן שאַכטע-אַרבעטער און דעם שוואַרצן שמיד.

שפּרינגט ער אזוי לאַנג איבער פעלדער און וועלדער ביז ער קומט צו א קליין איינגעפאַלן הײַזל. זעט ער ווי ס'גייט פון הײַזל אַרויס אַ וויינענ-דיקע פרוי און זי זיפצט אויפן קול:

— זיינע גאַנצע יאָרן, נעבעך, אָפּגעאַרבעט אויף דער שאַכטע און מוז זיך איצט שיידן מיטן לעבן...

ווערט רב מײַזליש דערפרייט און טראַכט:

—האָב איך דאָך אמת געטראָפן!

און שפּרינגט אַריין אין הײַזל דורך א שפּאַלט.

דערזעט ער: ס'ליגט אין בעט אַ בלאַסער, האַלב-טויטער מענטש, אַרום אים פלעשלעך פון רפואות, ער אָטעמט שווער און הוסט.

קלערט רב מײַזליש ניט קיין סך, טוט אַ פּיסק און זאָגט צום מענטשן אַזוי:

—איך בין געקומען צו דיר, שלעכטער שאַכטע־אַרבעטער, רופן דיר צו אַ דין־תורה!

קערט זיך אום דער קראַנקער, פאַרוואונדערט זיך און פרעגט:

—ווער ביסטו? איך זע דאָך דיר צום ערשטן מאָל.

ווערט רב מײַזליש־נאָזשמעקער אין כּעס און דערציילט אים די גאַנצע מעשה, ווי אַזוי זײַן גליק איז אין א טרויער פאַרוואנדלט געוואָרן און ווײַזט אים אָן, אז אין אלץ איז ער שולדיק. ווען ער וואָלט די אײַזן פון באַרג ניט אויסגעגראָבן. וואָלט דאָך קײַן האַק ניט געווען, וואָלט דאָך קײַן פאַרשאַרפטע קלאָץ ניט געווען, וואָלט ער דאָך גליק און נחת געהאַט פון מיזעלע־מאַזעלען.

—כ'וועל שוין דיך ניט אָפּלאָזן—דו מוזט מיט מיר צו אַ דין־תורה גיין, דו מוזט דאָך באַשטראָפט ווערן פאַר דײַנע שלעכטע מעשים.

ווערט דער בלאַסער שאַכטע־אַרבעטער נאָך בלאַסער, פאַרהוסט זיך נאָך שטארקער און זאָגט צו רב מײַזלישן אַזוי:

— ניין, רב מײַזליש, דו ביסט ניט גערעכט, ניט איך בין שולדיק אין דײַן אומגליק.

מײַן ניט, אַז איך האָב דיר געוואָלט שאָדן

אָנטאָן, איך האָב זיך אַליין מיין לאַנגע טרויעריקע געשיכטע, כ׳בין ניט ווייניקער אומגליקלעך ווי דו.

ווערט דאָך רב מײזליש פאַרוואונדערט.

דערציילט אים דער קראַנקער שאַכטע-אַרבעטער א לאַנגע געשיכטע, ווי אַזוי ער איז פון נויט אין שאַכטע אַריין, ווי אַזוי דער הונגער פון זיין פרוי און קינדערלעך האָט אים געטריבן דעם אייזן צו גראָבן. ער דערציילט אים ווי שווער די אַרבעט איז אין די שאַכטן, ווי אַזוי אים פלעגט אויסקומען גאַנצענע טעג זיך געפינען אונטער דער ערד, אין פינסטערניש, ווי אַזוי די שטיקנדיקע גאזן פון אונטער דער ערד האָבן אים די לונגען אָפּגעשוואַכט. יאָ, עס וואָלט אפשר פרייליך געווען פון דער ערד דעם אייזן צום גראָבן, אָבער ניט שטענדיק הונגעריק זיין, קיינמאָל די זון ניט אָנזען און רק גראָבן, גראָבן און גראָבן לויט אַ פרעמדן באַפעל.

ער האָט ריין געמאַכט דעם באַלעבאָס פון די שאַכטן, וועלכער האָט זיך אין גרעסטער רחבות געלעבט, און ער אַליין האָט פאַר זיין גאַנצע שווערע אַרבעט נאָר קוים געהאַט אַ שטיקל ברויט און אַ ביסל וואַסער.

—זעסטו, רב מײזליש,—ענדיקט דער קראַנקער שאַכטע-אַרבעטער,—ווי איך ליג קראַנק, נאָך אַ טאָג,

נאָך אַ טאָג, און כ׳וועל מוזן די נשמה גאָט אָפּגעבן, און מײַן פרוי וועט אַן אָרעמע אַלמנה בלײַבן און מײַנע קינדער—אומגליקלעכע יתומים. זאָג זשע איצט אַליין, בין איך דען שולדיק אין דײַן אומגליק? בין איך דען ניט אַזוי אומגליקלעך ווי דו?

פאַרשטייט רב מײַזליש-נאָזשמעקער, אַז דער קראַנקער שאַכטע-אַרבעטער איז גערעכט, ווערט ער פאַרשעמט און זאָגט צו אים אַזוי:

—דו ביסט טאַקע ניט שולדיק, אָרעמער קראַנקער! אָבער עמיצער מוז דאָך שולדיק זײַן אין מײַן אומגליק. איך וועל ניט שווײַגן. כ׳וועל גיין צום שמיד, ער מוז שוין געוויס זײַן דער אמתער שולדיקער!

און רב מײַזליש-נאָזשמעקער שפּרינגט אַרויס פון הײַזל און לאָזט זיך צו דער קוזניע. ער כאַפּט זיך אַרײַן אין דער קוזניע און ער זעט, ווי ס׳שטייט דער שוואַרצער שמיד לעבן זײַן בלאָזזאַק, פון וועלכן עס שפּריצן פונקען, פון פײַער שלעפּט ער אַרויס דעם צעגליטן אײַזן און ער קלאַפּט איבער אים מיט זײַן האַמער.

— אָט איז מײַן אמתער מלאך-המוות!—טראַכט רב מײַזליש און טוט גלײַך צו אים א זאָג:

— כ׳בין געקומען, שלעכטער שמיד, דיך צו אַ דין-תורה רופן! דו ביסט שולדיק אין מײַן אומגליק!

קערט זיך אום דער שוואַרצער שמיד און פרעגט פאַרוואונדערט:

— ווער ביסטו? איך קען דיך גאָר נישט!

דערציילט אים רב מײזליש די גאַנצע מעשה און ענדיקט, אַז נאָר ער, דער שלעכטער שמיד, איז אין אַלץ שולדיק.

— כ'וועל דיך שוין ניט אָפּלאָזן, דו מוזט מיר אַן ענטפער געבן!—

פאַרטראַכט זיך דער שמיד און זאָגט צו אים אַזוי:

—ניין, רב מײזליש, איך בין ניט שולדיק אין דײן אומגליק, איך האָב דיר גאָרניט געמיינט שאָדן צו ברענגען.

און ער דערציילט אים, ווי שווער עס איז זײן לעבן, ווי אַזוי ער שטייט גאַנצע טעג, סײ אין די זומערדיקע היצן, סײ אין די ווינטערדיקע קעלטן און אַרבעט שווער און ביטער אין זײן קוזניע.

— גאַנצע טעג נאָר איך קלאַפּ און קלאַפּ, מײנע הענט זײנען מיט מאָזאָליעס באַדעקט, פון דעם שטענדיקן הוק-האַק הוק-האַק פון גרויסן האַמער, מײנע אויגן זײנען שוין באַלד בלינד פון די פונקען וואָס שפריצן אַהין אַרײַן. גייען אין שטאָט אַרום מענטשן און טוען גאָרניט און לעבן גליקלעך, און

אין אַרבעט און אַרבעט פון פרי ביז שפעט, גלי אין פייער, שמיד דעם אייזן, שמיד פאַרפרעמדע, מאַך העק און אייזנס פאַר די באַלעבאַטים, פאַר יענעם וואָס האָט דאָרט זיין שפיציקער קלאָץ אַריינגעהאַקט צו דיר אין דירה, כדי צו מאַכן א פאַרקאַן צום אָפּצאַמען זיין פעלד, זיין אייגן פעלד, זיין פארמעגן, כדי צו ווייזן, אַז דאָס געהערט אים, ער איז דער באַלעבאָס...

זאָג זשע רב מייזליש אַליין, צי בין איך שולדיק אין דיין אומגליק, צי בין איך אַליין כאָטש גליקלעך?

הערט אויס רב מייזליש דעם שמיד און בלייבט אַ צייט פארטראכט. לאנג-לאנג טראכט ער און צום סוף שרייט ער אויס אין פארצווייפלונג:

דו ביסט טאקע ניט שולדיק. נאָר אויב דו ביסט אויך ניט שולדיק, ווער איז פאָרט שולדיק אין מיין אומגליק?

---

ווער איז פאָרט דער שולדיקער, וועמען פאָרט דארף ער צו א דין-תורה רופן?

